דוד האָפּשטיין

# אין טאָוול פון וועגט

(זאַמלונג)



פאַרלאַג „פּ ו נ ק ע ן" בערלין
1 9 2 3

# פ אַ ר ט אָ ג

איך שטיי בּאַ מיין פענצטער אין טאָוול פון ווענט,
צו פלאַמען אין מזרח מיין פּנים געווענדט...

אין שרפות פון אָפּשייד אַף הימלישע רוימען
דאָרט ווערן געבוירן קאַיאָריקע טרוימען...

אַף פלאַקער־יסודות דאָרט הויערן בלויען
איך וועל זיי מיין בּענקען אָן פרעגן פאַרטרויען.

צו רויזן אַף בלוטן, צו העלישע וואונדער,
איז האַרץ מיינס אין וויגל שוין וואַך און שוין מונטער...

איך שטיי בּאַ מיין פענצטער אין טאָוול פון ווענט,
צו פלאַמען אין מזרח מיין פּנים געווענדט.

און שוואַלבן אַלץ שרייבן מיט שווינדיקן פלי
און קייטלען די וועגן אין ליכטיקן מי.

און רעדער און טלאָען מיט שטיינער פון בריק,
זיך פריינדן אַף נייעס, אַף הילכיקן גליק...

איך שטיי בּאַ מיין פענצטער אין טאָוול פון ווענט,
צו פלאַמען אין מזרח מיין פּנים געווענדט.

*

ווען ס׳קריצן ציין צענויפגעפרעסטע,
ווען ס׳בליצן פונקען פון די אויגן, —
ווער קאָן מיר עצה׳ן מעסטן,
ווער קאָן מיך פרעגן:
האָסטו אָפּגעוואויגן?

איך ווייס נאָר איינס,
און אָט דאָס איינס נאָר קאָן איך ציילן:
ס׳איז הייס
דאָס האַרץ,
עס טרייבט נאָך
בלוט,
עס גליט
פון וויי,
עס בליט
פון מוט,
און וויי און מוט איצט קאָן איך ניט צעטיילן!

אין הייזער־קרייז פאַרטריבן,
מיט דערנער שטאָלענע פאַרצאַמט,
וואָס איז מיר נאָך פאַרבליבן?
עס פלאַמט און פלאַמט
מיין בלייך געזיכט,
און טרערן שווערע
פאַרביטערן די קלאָרע ליכט
פון מיינע בענקענדיקע אויגן...
אין נידער פון פאַרנאַכטן,
אין שטייגן פון פרימאָרגן,
אין בלוטן העלישע
מיין אויסוועג איז פאַרבאָרגן!
ווען הייזער שטייען
אין פלאַם פון וויי־געשרייען,
ווען קנוילן גרויל זיך, קויקלען איבער גאַסן —
ווער קאָן מיר הייסן וואַרטן?
ווער קאָן פאַרווערן האַסן?...

*

ל. ט—ן

איך ווייס, אַז אַלץ דאָ גייט פון טיפן,
איך ווייס, אַז אַלץ פון ברייטן גייט,
נאָר כ׳האָב אים ליב דעם טורעם־שפּיץ, פון שטאָל געשליפן,
כ׳האָב ליב די פאָן, וואָס ווייזט דעם ווינט אַ וועג און ווייט.

און גרינג איז מיר מיין רויטע לייד נאָך טראָגן,
און גרינג איז גאַרן נאָך נאָך נייעם גליק,
ווען איך דערזע, ווי מחנות טוט פאַריאָגן
דיין הייסער, שווערדן־שאַרפער בליק...

ער איז פון בליק פון דיינעם שוין פאַרשוואונדן
דער ביטערער דער אַלטער טרערן־קוואַל,
און ס׳ברענען העל אין דיינע אויגן־רונדן
צוויי גרינע טראָפּנס גאַל;

און שענקען בלוט און מאַרך פאַר העלע פאָנען
בין איך שוין לאַנג געוואוינט,
איך גלויב שוין לאַנג, אַז שטעלן זיך אין וועלטן־קאָנען —
לוינט! —

# געררעכטיקייט

ווייִן, ווייִן,
אַלטער ווייִן,
ווייִן פון פלאַמיקן געוועקס!..
אונטער אַלע הימלען,
אונטער אַלע קעלער־שימלען
אויסגעשטאַנען
און דערבראָכט ביז דאַנען,
ביז די ווילדע פלאַכן אונטער צפון־נעכט!
איבער אַלע וועגן
פון דיין וואָגלען,
איבער גאָרער וועלט
שטייען דיינע לאָגלען
ברייט און ווײַט צעשטעלט!
דאָרט באַ שיין פון טאָגן, אַפּ׳ן וועג פון לאַנד פון קנעכט,
האָבן ערשטע פינצטערע מרגלים
קוים געטראָגן
איין און איינציק הענגל
אַף אַ שטאַנג!
ווייִן ווייִן,
ווייִן געטראַנק!
ווייִן פון פלאַמיקן־געוועקס!
וועלטן שעלטן היינט דיין ברויז,
וועלטן טראָגן היינט דיין שוים
אַף די ווילדע פלאַכן אונטער צפון־נעכט!

*

וואָס זאָל איך דיר זאָגן
מיין פיינטליכער פריינד —
איך דאַרף מיט דיר טראָגן
מיין פיינליכן היינט.

עס לעכצן געמיטער
נאָך פריידן, נאָך ליכט —
זיי טראָג איך מיט ציטער
מיין לויטער געזיכט,

עס וואַרטן געמיטער
אף צאָרן אף גרים —
פאַר זיי אין געוויטער
שטאָל איך מיין שטים.

און שטעלט זיך אין אויגן
אַביטערע טרער,
איז שווער זיך צו בויגן,
איז אָפטרייסלען שווער...

וואָס זאָל איך דיר זאָגן,
מיין פיינטליכער פריינט,
איך דאַרף מיט דיר טראָגן
מיין פיינליכן היינט...

## צווישן וואַלגער־שטיינער

אף ערדן אויפגעריסענע צווישן וואַלגער־שטיינער,
אין בייזע אָנפּליהען פון שניידיקן געוויטער,
וואָס בין איך, וואָס באַטייט איך, איינער,
וואָס טראָגט זיין לעבנס־ליכט מיט שטילן ציטער?

דער ים דערוואַכט אין זודיקן געדרודער,
עס שטייגן שטראָמען פון די אויפגערעקטע טיפן.
וואָס איז ער איצט מיין אויסדערווילטער רודער,
דער העכסטער זעגלבוים אויף מיינע שיפן?

כ׳בין גרייט, אין יעדער רגע גרייט פאַרטרויען
די ציטעריקע לעבנס־פלאַמען
דעם האַר פון חורבן און פון בויען,
דעם האַר פון ערדן און פון ימען...

*

אַף שטילער פרילינגדיקער הויל פון ווילדע ווייטן
אַלץ טריפט און טריפט מיין אַלט פאַרציטערט בלוט,
צום שוואַרצן האַרצן טוליען נעכט
דעם ווייַ פון טעג פאַרשוועכטע...
נאָר פלאַקערן צעשפּאַלטן ווייכע נעפּל־שויסן
און גליען אויס אין פייערדיקן דויער
אַלץ נייע צייכנס
פאַר ווייטערדיקן דראַנג פון לאָקערדיקן צאָרן!
באַ רויטע טויערן פון לויטערע פרימאָרגענס
זיך שטעלט אַף וואַך
דער שאַל פון יאָגנדיקן האָרן,
און גריוועס זיינען גרייט צום ערשטן שווינד,
און טלאָען אייזערנע קוים וואַרטן
אַף ערשטער בייט פון שוועבנדיקע ווייטן,
אַף שטויס פון נייע שלאַכטן...

מיט האַרצן־ציטער הער איך זיי,
די טויזנט־אָטעמדיקע פרייד־געשרייען,
מיט גליווער־לייד דערשפיר איך זיי,
די שטומע צאַפּלדיקע ווייען...
און ווען די נאַכט
איז גרייט דעם זינקענדיקן טאָג
אין שטילן שויס פאַרוילן,
צו ווייטן ציט מיין גליענדן געמיט...
מיט שטריק פון ווילנס טויזנטער געבונדן,
נאָך רעדער מידע, שיכּורע פון שלאַכט,
געפאַנגען שפּאַן איך צווישן פעלדער – ברייטן...
איך בין מיט זיי, מיט שטענדיק גרייטע
צום נייעם שאַל פון מונטערדיקן האָרן,
צום נייעם פלאַם פון לייטערדיקן צאָרן!...

*

פרעגסט מיך, שטילער ברודער,
ווער וועט צאָלן
פאַר די טאָלן ביינער,
פאַר די טייכן בלוט?
הער־זשע, ברודער:
אייביק, אייביק
שטרייטן וואָרצלען
אונטער דר'ערד.
אייביק, אייביק
פאָכען מענטשן
מיט דער שווערד...
אייביק, אייביק!
נאָר ס'האָט קיינמאָל
אַזוי גלויביק
ניט געהויבן זיך קיין האַנט!
ס'האָט נאָך קיינמאָל
אַזוי זיכער
ניט געטראָגן זיך קיין וויכער
איבער מענטשן־ראנד...

# ג ע װ י ס ן

געװיסן!
איך װײס:
מע זאָגט,
דו ביסט
אַ הונט —
אַ הונט,
װאָס האָט פון קײט זיך אָפּגעריסן...
כ׳בין שטענדיק גרײט
מײן בליק אַ באָד צו טאָן
אין שװעבנדיקן ברען
פון דײנע גרינע אויגן־רונדן.
כ׳בין גרײט דיך זען:
דו ביסט צעבײזט
פון לאַנגן רינגען־קלאַנג,
צערײצט
פון טויזנטער אנטקעגנס,
װאָס רײסן זיך
אין בריטן שלונג
פון רעכטס,
פון לינקס...

איך האָבֿ דיך ליבֿ׳ געוויסן!
שוין צופֿיל זיכער׳
צופֿיל קנעכטיש און צופֿרידן
איז דער טראָט
פֿון אויסגערעכנטן און אָרנטליכן גאַנג׳

און קיינמאָל שאַדט ניט
פֿאַר די קנעכל
אַ כאַפּ טון אים
מיט פּלוצימדיקע שאַרפֿע ציין

און ווי אַ הונט׳
וואָס האָט פֿון קייט זיך אָפּגעריסן׳
אַף זיינע טויזנט „יאָען"
אַ ברום טון איינמאָל און פֿארביסן:
— „ניין"!

*

אשר שוואַרצמאַנען

אַהין, אַהין,
צום גרויען ווינקעלע,
וואָס האָט דיין קערפּער רו געגעבן
אף מילדע פעלדער פון וואָלין,
אַהין, אַהין
איז איצט מיין בליק געווענדט,
אַהין, אַהין
איצט הויב איך מיינע הענט:
אף שטרעקעס טויזנטמייליקע
פון פאָטערלאַנד פון דיינעם
שוין טרעטן ווידער מחנות אייליקע,
און רויטע פאָנען ווידער טענה׳ן
מיט גאַנצער וועלט!
מיין צאַרטער ברודער – העלד!
ווי מיטן ערשטן פאָרגעפיל
פון פרייע פרילינגס־פריידן,
ווי מיט דעם ערשטן קראַמף
פון שטאָלצע הייסע ליידן,
וועט זיך מיט דיר
אין קאַמף
דאָס יונגע האַרץ
שוין אייביק ניט צעשיידן...

*

ווי שאַרף פון שווערד,
פאַרוואַרפט איר רוף
די שטומע ערד
און קריצט מיט פאָספאָר־שיין
די וואָלקן – בלויען —
אַ הייסער שלאַקסרעגן אף לענדער גייט
און שיט מיט פעך און שוועבל.
און רינשטאָקן פון וועלט
מיט פולע העלדזער שפּייען
מיס בלוט, מיט גאַל, מיט ווייַן;
און יעדער שטיין און יעדער שייַט
שוין שוועבט אין דולן שוים···
און וואָס מיר איצטער
וואונק פון צייט,
און שווינד פון רוים
און שטערן – שיס אין פוסטע קעלטן?···
אַ פייערדיקער שלאַקסרעגן אַף ערדן גייט,
אַף אַלע מיינע וועלטן!

*

איך בין
אויף אַלטן שטאַם אויף מיינעם –
מיט צווייגן הענגענדיקע, גראָווע פלאַקסן –
אַ יונגע צווייג
און איין באַגער נאָר האָב איך – וואַקסן!
איך גרין,
איך שטייג
אַהין,
וואו ס׳העלט –
איך וויל מיט רויטע בליטן טענה׳ן
מיט גרויסער וועלט!
פון אַלטן שטאַם פון מיינעם,
פון אַלטן זאַפט
נאָך שעפּ איך יונגע קראַפט,
נאָך זויג איך אַלטע וויינען –
און ווען די נאַכט פאַרלאָזט
דעם קאַלטן רוים,
ביי ערשטן בליה פון זון –
פון אַלטן שטאַם,
פון אלטן ראָסט
פאַרשיכּורט קוקט מיין יונגע קרוין
אַנטקעגן זון.

*

צום נייעם קנויט
פון פרייען פּאַקל דיינעם,
אָ, גרויסע וועלט!
פון וויטן וואָגלעניש,
מיט שווערן שלעפּ פון נויט,
אין קרוין פון אַלטן פּיין
אויך איך האָב דיר אַ פּאָדים צוגעשטעלט.
אַ ווייסן ליינען־פּאָדים,
געטונקט אין רויטן ווין
פון בלוטיקן גערעכט
פאַר נייעם קנויט
פון פרייען פּאקל דיינעם,
פאַר זיין פּילפאַרביקן געפלעכט.
און ווען
אין העל
פון ברען,
אין שוואַרץ
פון רויך
ניט קאָן איך שוין דערקענען
דעם רויטן פּאָדים מיינעם —
מיין האַרץ
נאָך ווייסט
פון טרייסט —
כ׳האָב אויך אַ פּאָדים צוגעשטעלט
צום נייעם קנויט
פון פרייען פּאַקל דיינעם,
אָ, גרויסע וועלט!

*

מיר שטאַמען פון פעלזן!
פון פעלזן, צעמאָלטע אַף מילשטיין פון צייטן...
מיר שטאַמען פון פעלזן,
וואָס האָבן דעם גורל פאַרבונדן
מיט ימען,
מיט ווינטן,
מיט ווייטן...

מיר שטאַמען פון פעלזן,
וואָס האָבן צעבראָכן
דעם יאָך פון דעם גליווערנעם שטייען...
מיר גייען —
און וועלדער נאָר וויסטע
אונז קאָנען פאַרהאַלטן...
מיר זיינען די ערשטע
אין פאַלדן פון ווינטן,
מיט וויכערס געבונדן,
מיט כוואַליעס געשוועסטערט,
געברודערט מיט שטורעם...
קיין מזרח, קיין מערב, קיין צפון, קיין דרום.

# ד אָ ר ש ט

אָקאָרשט
בין איך אַרויס צו אייך
פאַרצאַמטע אוצרות דאָרשט,
אקארשט
בין איך אַרויס צו דיר,
אָ גרויסער הונגער!
ווער קאָן אין דאָרשט,
אין הונגער
פון מיר דאָ הייסן יונגער?
פון גרויער אַלטקייט אויסגעטאָן
מיט אַלטן ברוינעם נאַקעט מיינעם...
צווישן יונגסטע
צווישן ווילדסטע
איז היינט
מיין האַנט
די גרינגסטע,
די מילדסטע –
אין ברייטסטע רינגען פון דעם הייסן קאָן...

*

דורך שוימענדיקע רוקנס
פון כוואַליעס דיינע,
ברויזנדיקע מענשן-וועלט,
דיין יעדן שטויס דערפילן!
מיט טיף פון האַרץ פאַרבלענדטן,
מיט צוגעמאַכטן בליק,
צו הימלווייט געווענדטן,
דורך אָטעם־הויך
פון איילנדיקע מענגען
אַ צי טון זיך אין שטאָלצן גליהענדיקן בייגקען
צו האַרמאָני פון וועלטן־ספערן, —
קיין גרעסער גליק
קאָן קיינעם דאָ געהערן!...

*

דאַרזע איך אַף ווייטע מדבריות
צעגליהטע סאַמומען –
דאַרזע איך אויך באַלד קאַראַוואַנען,
וואָס גייען און קומען –
וואוהין און פון וואַנען?
אין תהומישן קראַכן,
אין שפיי פון וואולקאַנען
דאַרהער איך די שטילקייט פון מענטשליכן וויינען,
אין שפיל פון פרי־יאָריקע שטראַלן
אף אַלטע פאַרראָסטעטע שטיינער
דאַרהער איך דעם ריינעם געפילדער
פון קינדער,
פון קינדער, וואָס קאָנען אין אויגנבליק איינעם
אי לאַכן, אי וויינען...
איך האָב מיין באַוואוסטזיין אויף וועלט אויפגעהאַנגען –
אַ חופה אָן עק און אָן שטאַנגען –
נאָר כ׳קאָן זיך קיין רגע ניט שיידן
פון ערדישע בייטן!...
איך הויב מיינע אויגן
צו שטויבן פון שטערן,
נאָר קלאַנגען פון ספערן
ניט קאָנען פאַרטויבן
דעם יובל פון מענשליכע פריידן,
די קלאָגן פון מענשליכעליידן...

*

אַף ערשט פאַרהאַרטעוועטער ערד
אין פרי אין פראָסטיקן
צום ברונים שפּאַנען...
און פלוצים דרין דערשפּירן:
ס'איז גאָר נאָך ניט פאַרוועלט!
פאַראַן נאָך מוט, פאַראַנען
אין וועלט אין אייזיק־ראָסטיקער,
און לאָזן לויפן זיך אין טאָג אין פרייען
און שפּירן:
אַ טאָג אַ שטאָלענער, אַ שפּאָגל נייער,
אַ האַרץ אַ יונגס,
אַן אייזערנער אַן אַלטער עמער
זיך שפּילן אַלע דרייען
מיט יונגע קלינגעדיקע טענער!...
מיט שטייפער האַנט
דעם ערשטן אייז צעקלאַפּן,
אַרויסרייסן אַ שטיקל טיף
און זען און הערן,
ווי טראָפּנס קלאָגן זיך און ווערן
און יאָגן זיך,
ווי שוואַרצער טריף,
אַהין, צוריק...
אין דעם איז אויך פאַראַן אַ שטיקל גליק?...

און מיט אַ צענדליק יאָרן שפּעטער,
אין טעג פון פּיין, פון צער און צאָרן,
אין סוף פון נאַכט פון שווערער ווערן פּלוצים וואַך
און אויסציען די אָפּגעקילטע גלידער,
דעם שטומען צימער ניט דערקאָנען
און הערן, הערן לאַנג:
ערגעץ דאָ ניט נאָהענט און ניט ווייט
פאַרהערן זיך קאַנאָנען, –
דורך טריבער שויב דערזען:
ס׳שפּראָצט אַ טאָג, אַ נייער דאָרן...
און אין דער רגע זיך דערמאַנען
אין יענעם פראָסטיקן און קלינגענדיקן מאָרגן...
אין אָט דעם פּיין איז אויך נאָך גליק פאַרבאָרגן!
און יעדער אויפגעוואַכטער גליד נאָך זאָגט:
– איך וויל ניט שטאַרבן!
און מיט צעשפּרייטע פליגל קניט דער גייסט
פאַר שוועבנדיקער קייט פון צייט:
אָ, לאָזט מיך, רינגען, זיך פאַרקאַרבן!...
איך ווייס נאָך ניט וואוהין איר ציט,
איך ווייס נאָך ניט פון וואַנען!
נאָר ס׳איז אַזוי פיל זיסע לייד פאַראַנען
אין אייער גרויסן ציען –
איך וויל מיין ווי נאָך ניט באַשריינקען! –
איך וועל נאָך דיינקען,
איך וועל אין רעש פון קראַכן שטיל זיך מיען,
איך וויל אין פּיין
נאָך גליען,
גליען...

*

די װענט נאָך באַפלאָכטן מיט קלעטער געשטעלן,
מיט מיסטן מיט אַלטע
פאַרװאַלגערט די שװעלן,
און ס׳הילכט נאָך די פוסטקײט
פון אונטן ביז אױבן –
נאָר כ׳זע אײך שױן, װעלטן באַנײטע,
מיט אױגן פון ליכטיקן גלױבן!...

איך זע אײך שױן, װעלטן באַנײטע!

אַף װײטן נאָך קנױלן זיך רױכיקע שטױבן
דאָרט רײסן זיך שטײנער,
דאָרט ברענט זיך נאָך קאַלעך!...

מיט אױגן פון ליבע פון רײנער
איך זע אײך שױן, װעלטן באַנײטע,
דורך רױכיקן מהלך!

*

די הענט אָן צאָל, אָן צאָל,
וואָס בלוטיקן און בלוטיקן –
און ברעכן זיי, ווי אָטשערעט,
די בינטלאַך אַלטע שווערדן;

די הענט אָן צאָל, אָן צאָל,
וואָס הויבן זיך מיט שטאָלץ געבעט
מיט רוף מיט מוטיקן

צו נייע פרייע ערדן;

מיט נייעם האַמער־שטאָל
מיט נייעם אַקער־אייזן –
וואָס קאָנען הענט אַזוינע ניט באַווייזן?

*

מיין קיילעכדיקע היים,
מיין שוואַרצע ערד!

וואוהין איך זאָל מיין בליק ניט קערן,
וואוהין איך זאָל מיין בליק ניט ווענדן, —
אין יעדן דיינעם קנייטש,
אין יעדן דיינעם ווינקל
טוט אַ פינקל
אַ אויג פון מיין אַ ברודער.

מיט יעדערן פון זיי בין איך.

געהערט האָט מיין גערודער
יעדער טורעם דיינער,
יעדערע פון דיינע היילן.

ביסט מיינע ערד, ביסט מיינע! —
און איך, איך וועל דיך טיילן...

## ב ר ו ד ע ר ש אַ פ ט

זי איז שוין פול מיין ברוסט
מיט פאָרגעפילן הייסע
פון גרויסן קומען דיינעם,
דו ברודערשאַפט!
ווען יעדער אָטעם גלוסט,
ווען יעדער רודער שאַפט,
ווען יעדער שטיין
איז אָפּגעשווייגקט
פון גלייכגילט
און פון שטויב,
ווען יעדער פאַל,
ווען יעדער הויב,
ווען יעדער ריר
איז אָדער „יאָ״,
איז אָדער „ניין״,
נאָר איז אַ שפיר,
נאָר איז אַ שטויס,
נאָר איז אַ צי
פאַראויס!
ווען יעדער מי
אין קליין
אין קייט
אַליין
איז גרויס
איז ברייט
אַליין
איז הוילע פרייד...

מזל סיון — תאומי
מזל שבט — דלי

קוק נאָר אָן,
ווי זי יאָגט די ראָד פון מזלות.
זיי בלאַנקען, ווי מעסערס די שפּיזלאַך:
ערשט דעם צווילינג געזען אין חלום,
איצט פון עמער שוין וואַסערן פליסן.

ערשט געלערנט זיך זוכן און שעפּן
די פרייד אין די פאַנען פון פלעצער
איצט זע איך געשאָכטענע שעפּסן,
איצט הער איך נאָר אַנגסטליכע קרעכצן.

## אוקראַינע

אין קראַנקן מח,
ווי הייסע פעך,
זיך שיטן נעמען
פון שטעט פאַרשוועגדעטע,
בלוטיק נאָענטע
און בלוטיק פרעמדע...
פאַסטאָוו!
וואַסילקאָוו!
און נאָך
און נאָך...

כ'האָב אָנגעטאָן
צוויי קעגנאיבערדיקע פענצטער
פון וואַגאָן
אויף מיינע דאָרשטיקע
שוין פיבערדיקע בליקן...

אָן מי,
אָן רו,
אָן שבת און אָן זונטאָג
גייט די וואָך...

איך וואַנדער ווידער
איבער אייער הויל,
צעוויקלטע, צעלאָזטע פעלדער
פון אוקראַינע;
איך שרייב מיט רויך
פון שוין צעשרויפטן
לאקאמאטיוו,
א אייליקן, אַ ציטעריקן בריוו
דער העלער הימלדיקער הויך...

מיט הייסן גלייכגילט
קוקט זי צו
ווי עס שווינדלען
אָאַזיסן פון מיינע חורבות
אויף ברייטן פלאַך פון פעלדער מילדע
שטיל פאַרגאָסענע,
מיט ביינקשאַפט,
רייך באַפייכטע
מיט מיין בלוט...

די אָפּגעריסענע
צעדאַרטע ווענט
פון גרויעם אומריינעם וואַגאָן
זיי ציטערן
אינאיינעם מיט די זייטלאַך
פון מיין אופגעוואַכטן האַרץ,
און אונטער וואַקלענדיקע פלייצעס
שטייט יונג־געבויגן,
מיט וואַרעמקייט און קינדערש־ריינע אויגן
די אַלטע, אַלטע טענה:
„וואָס וואויגט אַריבער
אַ טראָפּן בלוט
פון קינדערשן אומשולדיק־שיינעם וועזן?..."

אַ טאָג, אַ טאָג אַ גאַנצן וואַרטן
אויף דריי פאַרשעמטע קלינג...

איך קאָן זי שוין פון לאַנג —
די אומעטיקע ליידיקגייערשאַפט
אויף דיינע וויסטיקע וואָקזאַלן...
טריט באַנדיטישע
און לידער שיכורע
אויף דיינע ווימלענדיקע מאַרקן...

איך קאָן זי שוין פון לאַנג
די ברוסט פון דיינע מענגען,
וואָס אונטער סוויטע רויטלעכער
(ווי אַלט פאַרזשאַווערט אייזן)
איז שטענדיק גרייט
זיך שטאָפּן מיט פאַרדרוס,
איז שטענדיק גרייט
די ווילדע הענט צעהוידען,
זיי וואַרפן אויף אַ קאָפּ:
— שלאָג!
— קלאָפּ!...

איך פיל מיט ליבע נאָך:
עס האָט קיין שויב דאָ ניט געפּלאַצט
אין בערג־טורעמס אין דיינע,
וואָס קוקן, לויטער נאָך,
אויף די געוויסערן פון דניעפּר...

אויף סטעפּעס דיינע
מיט טויזנט טאַצן הייסע טאַנצט די זון
און בלענדט,
און הויבט ביי פּוסגייער די פיס,
און וואַרפט באַ וואַנדערער די הענט...

איך ווייס דאָס אויך:
ביסט דורות לאַנג
געווען אַ מקלט־פּלאַץ
פֿאַר אויסוואורפן
פֿון גרויסן, גרויעם לאַנד...
אויף אַלע — אַלע שטרעקעס זיינע
שאָטנט זיך דיין שאַנד,
אוקראַינע!

*

אין לאַנד – אָן דאַך אַף האַלב
מײן האַרץ – אַ צאַרטע שוואַלב
אין שאַרפן שנאָבל – לײם
אין בליק אַ פראַגע: הײם?

פון פרײנדינס דאָרט אַ שניר,
פון פרײנדינס דאָרט אַ רינג,
אין ים אין בלויען זינקט
און װינקט און װינקט צו מיר.

און דאָרט באַם אַלטן שטײן,
באַוואַשן מיט געװײן –
דער וועכטער אויף דער וואַך,
באַ וואַנט, וואָס אָן אַ דאַך

אין לאַנד – אָהן דאַך אַף האַלב
מײן האַרץ – אַ צאַרטע שוואַלב
אין פרײד אַף װײ געזאַלבט.

*

ס. יעסענינען

אַמאָל, אַמאָל אין שטילע טאָלן שעפּסן כ'האָב געפּאַשעט,
אויף די גרינע הויכן דאָרט געבלאָנדזשעט האָבן אינדן,
אַרום, אַרום – דער מדבר האָט געשפּרייט די העלע אַשן
פאַר ברענענדיקע, ווירבלענדיקע ווינטן...

נאָר שעפּסן שטילע מיט געפּאָלג פון זיסן פּייפל,
נאָר אינדן צאַרטע וואָס דעם ציטער דאָ פאַרהיטן,
נאָר העלע אַשן, וואָס דעם וויסטן גלאַנץ דאָ שלייפן
פאַר ווינטישער אָהנגרעניצדיקער שליטה...

– – – – – – – – – – – – – –
– – – – – – – – – – – – – –
– – – – – – – – – – – – – –
– – – – – – – – – – – – – –

איצט האָב איך זיי אויף דיינע סטעפּן – דאָרפישע טאַבונען,
ווידער שטייגן יונגע מחנות – שטאָלצע הוננען,
מיט קאָפּ שוין קלאַפּן זיך אין טויערן פון נייע רוים'ען,
און ווידער, ווידער רופט מען מיך מיט לייב־ציטער זיי צוימען

*

קיין דאַך, קיין ווענט, און שוועלן אומעטום,
און פיס פאַרהאַלטן זיך שוין גרייטע צום אַריינגאַנג,
און טירן ציען מיך און פירן מיך אַרום,
טירן האַרבסטיקע – מיט לויטערקייט פאַרהאַנגען...

ס׳האָט ליבע צאַרט געהוידעט דאָ איר וויג;
היימען הונדערטער דאָ האָבן שטיל גערויכערט...
צי האָט פון דאַנען נאָך געטרעטעט זיך אַ בליק,
צי שפּילן ערגעץ וואו פונדאַנענדיקע כחות...

וואָס טויג זי מיר, די לויטערקייט די קלאָרע,
וואָס אויך אין שפּאַלטן חורבה׳שע פאַררינט?
און וואָס צעטראָגן וועט פון ביטערע הזכרות
מיין זײַער (דערווייל מיין איינציקער) — דער ווינט...

זשיטאָמיר — ראַדאָמיסל 1921

## זון־פאַרגאַנג

נאָך אַ שווים פון זונען־האַפן ווייטן...
ווידער כ׳בּין צו וויסטעניש געווענדט,
פעסט ווי וועלט איז דאָ די בּײַט פון צייטן...
נאָר פאַרוואָס פאַרבּרעכן זיך זיך די הענט?

קאַלטע ערד מיט אַלע אירע ראָסטן
שווימט ווי רויך פון אונטער מיינע פיס...
גלייך אַ לאַסט מיר האָט מיין טראָט צעמאָסטן
גלייך עס קלינגט מיר: זע נאָר, ניט צעגיס!

אַלץ דאָ טויג פאַר פרייעם פלאַם פון לעבּן...
האָט געוויין דיר אָפּגעזאָגט דער טאָג,
איז בּיז טיפער נאַכט דיר גלי פאַרבּליבּן –
ווי פון ריס, פון אָפּשייד ווייט צעטראָג!...

## שטאַם

אין הויכן דער שטאַם זיך פאַרצווייגט
וואָס וואָרצלט זיך טיף אין די וויסטן:
פון אומגערנס טויזנטער שטייגט
מיין קלאָרער אומיסטן!

ווער שטויבט מיך מיט אָפּשאַף אין וואונק?
ווער אָרעמט מיך שטענדיק אינאיינעם?
ווער וואַרפט מיך אַריבער דעם שלונג
פון הונדערטער אָפּענע „ניינען"?

און האַרץ מיינס האַלט נאָך די לויב
אין שעלטנדע הימנען פון שטרייטן,
און האַרץ מיינס זויגט נאָך פון טרויב,
וואָס נערט און שטאַרקט אויף צייטן...

*

נו, ווידער
זיך וויקל און וויקל
דו, קנויל פון מיין פרייד!
איז פרייד דיר געגעבן –
אַלץ איינס איז,
וואו פוס דיינע שטייט...
אַלץ איינס איז,
וואו האָט דאָ דיין לעבן
די אויגן געעפנט.

אין דרום
דאָרט טראָגן זיך וואָלקנס,
דאָרט טראָגן זיך חורבישע שטויבן
דאָרט טראָגן זיך רויכיקע באַלקנס –
די באַלקנס פון שטיבל פון דיינעם...
קליינינקערהייט
דורך זיינע, דורך שטילינקע שויבן
געקוקט האָסטו גלויביק
אַף מיסטיקן ליכט...

נו, ווידער
זיך וויקל און וויקל
דו קנויל פון מיין פרייד!...

אין הויפטשטעט אין נייע
אַף רויכיקע פלעצער
אין בבל׳ס אין רוים׳ען
דיין האַרץ ווערט צעפלאַסן
עס קלינגט אין פרימאָרגנס
מיט פיילן פון ליכטיקע בויגנס
און קומען אן אָוונטס
דיין האַרץ ווערט געבויגן...
מיט אָרעמס מיט צאַרטע,
מיט בעכערס פון בוימל,
וואו קנויטן פון פריידן
זיך נערן און זויגן
פון בענקשאַפט, פון ווייטאָק—
מיט בעכערס פון בוימל אַזוינעם
הויבט זיך דיין האַרץ
צו ליכטיקע רוימען
פון הימלישער שפרייטונג.

*

איך בין מיד שוין
פון שוועבן,
פון שווינדלען,
פון שווימען,
פון ווייקן אין וואַסערן פרעמדע –
און אייגנס זאָל מיך נאָר רייצן?...

— — — — — — — — — — — — — —

נו געווען איז אַמאָל אין מיין לאַנד
אין גרינעם,
אין טאָליקן ווינקל
אין גליל –
נו, געווען איז אַ אידישע מאַמע,
און די מאַמע געהאַט האָט אַ קינד,
און פון קינד
איז געוואָרן אַ מאַן מיט שאָפענע גלויביקע אויגן...

איז וועמעס עסק?

— — — — — — — — — — — — — —

איז ביז וואַנען
קעגן הימלישן חלל
אויף קלויסטערשע שפּיצן
וועלן גאָלדענע פּאַסן זיך קרייצן?...
ביז וואַנען וועלן בליקן באַטריבטע
מיר פינקלען
אויף יעדן מיין מידן׳
מיין בלוטיקן טראָט?...

און האָט דאָרט אַ צווייטער
אַ טונקעלער
געקלונגען אין בלינדן און ניכטערן בוזים
מיט דרייסיק זילבערנע שטיק...

— — — — — — — — — — — — — —

זייט זשע פאַרשאָלטן,
איר אַלע וואָס דרינגען!
פאַרטרייבט און פאַרוואָלגט זיך
איינער דעם אַנדערן׳
איר אַלע, וואָס שעפּטשען
פון אייביקע שוועבלענע האָגלען,
פון אייביקן וואַנדערן׳

— — — — — — — — — — — — — —

מיין גלייכגילט, מיין גרויסער —
ער גילט דאָ פאַר אייך ניט
פאַר קיינעם!
קיינער דאָס ווייס ניט
פון מיין האַס, מיין הייסן,
פון מיין ליבע, מיין ריינער!

— — — — — — — — — — — — — —

איר, זיכערע אומות
פון הערשער און הענקער!
עס איז מיר שוין נמאס
געדיינקען,
ווי איר היט
מיינע ווייטע פאַרלוירענע טריט
אויף אייערע שטילע געציִרטע בית־עולם׳ס
אין שטעט פון טויטע,
אין טויטע שטעט!
– – – – – – – – – – – – – –
פליטים געשענדעטע
מיט ציטעריקע לייבער
מיט קינדער, מיט ווייבער
רייסן די לעצטע גרעניצן,
די לעצטע קייטן.

*

איך ווייס ניט, צ׳איז מיין לייד
אויף וואָגשאָלן פון וועלטן...
(אשר שוואַרצמאַן.)

געפאַלן אין וואוילטאָג פון וועלט
מיין לייד – מיין שטיין מיין שווערער
רייַפן פון ווי קוועלן,
רייַפן פון ווי זיך מערן.

אין יאַמען פון קנעכטישן גרוי –
רינגען פון קייט פון מיינער...
איז אַרויף ווי בלוטיקער טוי
אַ רוט פון קלאַמערנדע שייַנען.

כ׳בין אַרויס מיט האַלז־שניר פון טרויער
אויף ווייסע רוסישע פעלדער,
דער וועלט אין אויער פאַררוימט:
וואו קאן מען זיין עלנדער?...

און ביז הימלס שטערן־רויגן
פון צעזייטע שטילע געוויינען
איז אַרויף ווי אַ רעגנבויגן
אַ בויערנדיקער רוף: „אינאיינעם!”...

*

איך גלויב:
אַ ריגל דאָרט אַ גרינגער
פוּן מיט פוּן הויכער טיר
שוין וואַרט אַף ערשטן ריר
פוּן מיינע מידע פינגער.

פוּן שטילע ווינקלען פיר
דאָרט וואַרט שוין איינער
אַף מיין פאַרברענטן וואַנדער-שטעקן,
אַ קרוּג מיט וואַסער פוּל מיט ריינער
שוין וואַרט אַף שטויב,
וואָס ליגט אַף מיר,
אַף שטויב פוּן ווייטע שטעגן...

*

אין בלוי פון מיינע טונקעלע פאַרטאָגן,
וואו כ׳וואַנדער לאַנג,
די ערשטע מזרח־צייכנס האָבן דורכגעשלאָגן
אַ העל געזאַנג:
עס הויבט אָן טאָגן!

און ווען מיין האַרץ מיין מידס האָט קוים געטראָגן
פון אָהנוועגן דעם עול,
האָט עס דערהערט באַ ראָזן שיין פון טאָגן
אַ לויטער קול:
— דו וועסט דערטראָגן...

*

באַ וועגן באַ ווייטע,
וואו רעדער, וואו בלינדע,
פאַר ווינטן פאַרשייטע
אַלץ מאָלן און מאָלן די היימלאָזע שטויבן —
דאָרט האָב איך אַף פעלדער פון הפקר מיין זייונג געקליבן

איך האָב אַף מיין אַקסל אַ משא גענומען
פון זוימען באַפּייכטע מיט האַרבסט־טויען קאַלטע,
מיט זיידנס ירושה, מיט שטעקן מיט אַלטן,
מיט אַלטן פאַרשטויבטן, פאַרשרומפּענעם לאָגל
געלאָזט זיך אַף וועגן, אף וואַנדער, אַף וואָגל...

צום הימל צום הויכן,
פון היימען פון פרעמדע געגאַן זיינען רויכן...
באַ נידריקע פלייטן
געוואַרט האָבן פרישע צעאַקערטע בייטן...
מיט עלנד־געבעט און מיט פחד־געהיימען
געזייט האָב איך זוימען באַ ווילד־פרעמדע היימען.

אַף ערדן, אַף ווייכע איצט שטיי איך ביז קנעכל
אַף אייגענע בייטן, אין ליידן פאַרזייטע...
כ׳באַשווער אייך היינט, פויגלען, אייך ווינטן, אייך האָגלען!
מיין זייונג נישט קלייבן, מיין זייונג נישט שלאָגן!
איך האָב מיר מיין זייונג אַף אַקסל דערטראָגן
פון וועגן פון ווייטע, פון וואַנדער, פון וואָגל...

*

איך גלויב, ס׳איז מיר באַשערט
אויף מיין ירושה ערד
דעם אַש פון אַלע שרפות אויסצוראַמען
און זי אויפסניי פאַרצאַמען.

איך ווייס קיין וואָג, איך ווייס קיין צאָל
איך האָב קיין מאָס שניר ניט געצויגן,
נאָר זיילן בלאַנקען שוין אין לופט־קרישטאָל
און פירן מיינע אויגן.
און שיין פון ווענט פון שלאַנקע ווי יריעות,
מיט מוטערפערל שפילט אויף מיינע וויעס!
און ס׳איז אין האַרץ פאַר יעדן שטראַל
שוין גרייט
אַ נעסט פון פרייד.

*

די זון האָט היינט צום נייעם פאַנצער מיינעם
די לעצטע גאָלדנע ליסקע צוגעלייט
און מיר פאַרמישט פון כשוף־וויינען
אַ בעכער פרייד.

און אונטער גרינגער לאַסט פון גאָלדנע רינגען
האָב איך געקניט צו צאַרטער האַנט,
און האָב מיט הייסן דאָרשט געשלונגען
פון קילן ראנד...

דאָס וויפלטע שוין מאָל? איך וויל ניט ציילן –
אין בין היינט אָנגעגורט מיט זונענשיין,
איך גיי אָן מורא היינט אין אַלע שוואַרצע היילן
פון וועלט און זיין...

*

איר ווערטער, איר יידישע ווערטער
פון עקן פון גאָר דער ערד,
דאָס פּאָכן פון שטייגנדע הערצער
דורך אייך האָב איך דערהערט!

ס'האָט קיינער נאָך דאָ ניט געמאָסטן
די מעכטיקע כחות פון צווישן.
שוין שטויבן מיט בלוטן באַגאָסן
און וואַרטן, און וואַרטן אויף מישן.

איר ווערטער ווייכע און צאַרטע,
ווערט שוין קלאָר און פראָסט...
פון שטאָל פון דמשק די האַרטקייט!
די שטײַפקייט פון רוסישן פראָסט!

ווי נעמען פון טייערע היימען
זאָלן קלינגען די אַלטע וואוהינען
ס'זאָלן רופן ווי טורעמס די זאַמדן, די ליימען,
ווי פאָנען זאָלן רופן רואינען.

ס'האָט קיינער נאָך דאָ ניט געמאָסטן
די מעכטיקע כחות פון צווישן.
שוין שטויבן מיט בלוטן באַגאָסן
און וואַרטן, און וואַרטן אויף מישן.

# אין אַרמעניע

I.

איך האָב געפרעגט דעם וועג אַף אַ פרעמדער שפּראַך
און איילבּירט־אויגן האָבן זיך פאַרוואונדערט:
זי האָט פון איריקע מיך גאָרניט אָפּגעזונדערט –
כ׳בּין בּרוין און שטייף, שוואַרצאויגיק איר צוגלייך...

און איילבּירט־אויגן מיך באַגלייטן
פון שטילער טיר פון אָפּגעקאַלכטן הויז...
אַף טונקלען טאָל מיט קנייטשן בּרייטע
דורך שמאָלן געסל פירט די שטאָט אַרויס.

פון אונטן – אַלאַגיאָז אין בּלויע שנייען!
אָהן דעכער הייזעלאַך, ווי אָפּגעבּרענט,
מיט קיזיאַקעס באַקלעפּט די גרויע ווענט
און שאַכטלעך קיזיאַקעס בּאַ פּלויטן שטייַען!

עס זינגט מיין האַרץ פון הייסער פרייד!
איר זייט מיר נאָענט, איילבּירט־אויגן, בּערג און שנייען,
איר צעלטן קנעכטישע, איר שטומע ווייען
פון אַלטער אָרעמקייט און דורות־לייד.

II.

אַ פירעק־שאָטן ליגט פון טונקלער וואַנט.
אַ בלינדער אָרעמאַן באַזעצט דאָס שוואַרצע רעמל.
ער זינגט – פון אייביק אָן איז אויסגעשטרעקט זיין האַנט.
און קיינער טרעט דאָ ניט. און ס'הערן – איך און הויכער הימל...

אַרמעניע! דאָרט אין וואָלין אין שטיל פון קליינעם צימער
פון צאַרטער שאַגיניאַן האָב איך געהערט דיין ליד.
איך הער זי אין דיין היים און העלער קימער
אין יונגן האַרצן מיינעם גליט

עס קלינגט דיין ליד. אין מיר מיין בענקשאַפט קוועלט –
מיין בענקשאַפט איז פון איר נאָך עלטער
איך בין אַ גר אויף דיינע שמאָלע פעלדער.
אַ תּושב אין דער גאָרער וועלט...

III.

## אין וועג

כ׳וועל שווערן, אָט א דאָ בין איך געווען אַמאָל
און ס׳האָבן אָפּגעשפּיגלט מיינע אויגן
אי אָט דעם וואַלד, אי אָט דעם טאָל,
אי אָט דעם זאַמד, וואָס האָט זיין גרונט פאַרצויגן –
עס סקריפּעט שטיל די ראָד
און הילכיק לאַכט אין מיר
מיין מענשליכער, מיין מעכטיקער זכרון.
אָ, ער געדענקט נאָך יעדן קער
אַף יעדן וועג פון אַלע מיינע יאָרן...
... איך שווער, איך שווער, עס איז געשען!
אין טרוים אין אַנדער אורגעשטאַלט –
איך האָב דעם טאָל געזען
איך בין געווען
אין אָט דעם וואַלד!...

*

איך בין, מיין וועלט, צו דיר אויפסניי געקומען!
איך האָב מיך קוים מיט ברעג פון נאַכט געזעגנט,
האָט שוין מיין אויג מיט העלער שיין באַרעגנט,
דעםברייטן גלאַנץ פון דיינע הויכע זיילן!...
איך בין, מיין וועלט, אויפסניי געקומען
אַ טאָג אַ ליכטיקן באַ דיר פאַרוויילן.

אויפסניי האָב איך היינט אָנגעקלונגען
אין גרויסן גלאָק באַם דורזיכטיקן טויער,
מיט נייער פרייד האָט נאָכגעזונגען;
דעם לויטער־קלאַנג מיין ציטעריקער אויער...
פון ענגער שטייג פון שטייפע ריפּן
מיין האַרץ זיך רייסט מיט מונטערדיקן קלאַפּן,
מיט דאָרשט זיך ציען מיינע ליפּן
נאָך יעדן לופטיקן פרימאָרגעדיקן טראָפּן,
עס קלינגט מיין צונג, עס שאַלט מיין גומען:
איך בין, מיין וועלט, אויפסניי צו דיר געקומען!

*

איך האָב פיל היימען
דאָרט
אין מערב זייט,
אין טליענדיקע רוימען,
מיט בלויע טויערן פאַרזוימטע
איך האָב פיל היימען דאָרט...
נאָר ליבער נאָך
איז מיר דאָס אָרט,
וואו פייער-פיילן
שפּאַלטן טויערן אין נעכט פאַרטרוימטע;
אַהין, אַהין
פון אומעטום
מיך ציט נאָך פאָרט –
מיין ליבסטע היים
איז דאָרט.

# נ ע מ ע ן

ווי קליינע וועלפעלאַך זיך שפּילן מיינע קינדער,
ווי קליינע וועלפעלאַך — נאָך ביידע:
דער ערשטער שמאי הייסט —
אַזוי געהייסן האָט מיין זיידע,
אין טויבן שטעטעלע אַ זקן האַלב אַ בלינדער,
און הלל הייסט דער צווייטער...
אַן אַנדער נאָמען האָט געוואַרט
אַף שטאַפּל נאָענטן פון שאָטענדיקן לייטער,
נאָר איך פון מיט פון וועלט פון ברייטער,
פון זודיקן געווימל
האָב פּלוצים דאָרט דערזען,
ווי ס'שוועבט דער הויך פון צאַרטע יאָרן מיינע,
דאָרט איבער אַלטן נעסטן־שימל —
און שמאי איינער הייסט,
און הלל הייסט דער צווייטער...

ווי קליינע וועלפעלאַך זיך שפּילן מיינע קינדער,
ווי קליינע וועלפעלאַך — נאָך ביידע,
און דראַפּן איינס דאָס צווייטע
פון בייזן קוק מיט פייערלאַך מיט ווילדע,
און איך, איך קוק מיט בליקן איינגעשטילטע
פון האַרץ פון בלינדן,
ווי אַלטע נעמען קייקלען זיך
ווי קליינע וועלפעלאַך, ווי קנוילן יונגע גליקן...

י. ענגעל׳ן

*

„כי אלף שנים בעיניך —
כיום אתמול כי יעבור״
(תהלים)

צי קאָן דען אַנדערש זיין?
צי ווינקט דען ניט אַ שוועל
צו דעם, וואָס האָט ביז האַלבן טאָג
אויף אייגן פעלד
געשפּאַנט,
געגאָסן הייסן שווייס
אויף בייט און בייט?...

און אויב ס׳איז מיר באַשערט:
און ס׳איז מיין ערד, מיין פעלד
אַ וועלט די גרויס,
אַ וועלט די ברייט
און ס׳איז מיין האַלבער טאָג,
ווי גאָטס צוויי לאַנגע טעג די לענג...
און ניט געאַקערט ניט געזייט —
געגאַנגען שלינג און שלאַנג...
— און ניט קיין שווייס
בלוט געטראַנק
געגאָסן רייך
אויף בייט און בייט...

צי קאָן דען אַנדערש זיין?

וועט זיין מיין שוועל
אין מיט פון ערד, פון וועלט!
וועט זיין מיין הויז
אַ וועלט די ברייט,
אַ וועלט די גרויס!...

זייטל

זייטל

